## וויגליד.

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלעך,
זיצט דערויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלעך.

אויף די גרינע צווייגעלעך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע,
מאַך צו, מיין קינד, די אייגעלעך,
אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע!

אויף די גרינע צווייגעלעך
שלאָפן שוין די פייגעלעך.
די מאַמע זינגט זיי: אַ!—אַ!—אַ!
ס'איז אַ שטילע נאַכט: אַ!—אַ!

## קעצעלע, שטיל!

קעצעלע, שטיל! מייזעלע, שטיל!
מיין אוצרל שוין שלאָפן וויל.

קעלבעלע, קעלבעלע, נישט געמעק'ט
און מיין אוצרל נישט געוועקט!

ווייע נישט דו, ווינטעלע,
שטילער, שטילער, הינטעלע,

אין מויל פאַרבייס דאָס צינגעלע,
שלאפן וויל מיין יינגעלע.

# אַ גוטע נאַכט!

צוגעדעקט די פיסעלעך —
איך ברענג דיר מאָרגן ניסעלעך,
פרישע ניסעלעך פון וואַלד,
זאָלסט מיין קינד נאָר שלאָפן באַלד.

דרימלט איין מיין קינדעלע פעסט,
קומען באַלד די ליבע געסט:
קומען, קומען אָן צו פליגן,
מלאכימלעך מיט זיסע אויגן.

די פייגעלעך פון לויטער גאָלד,
זיי האָבן שטילע קינדער האָלד,
און זיי קומען צו באַהיטן,
צו באַהיטן און באַשיצן

מיט חלומות שטילע, שיינע,
ווי עס פאַסט פאַר קינדער קליינע.
מאַך נאָר צו די אייגעלעך!
זיי פליען אָן, ווי פייגעלעך.

הערסט, מיין קינד, הערסט, מיין קרוין,
די פליגעלעך זיי רוישן שוין!
זיי פליען אָן, ווי פייגעלעך,
מאַך נאָר צו די אייגעלעך,

שטיל, די אייגעלעך פאַרמאַכט,
האָב אַ גוטע, זיסע נאַכט!

# דער פויגל.

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

איז אַ יִינגל צוגעלאָפן,
און דער פויגל איז אַנטלאָפן:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

— וואָס אַנטלויפסטו? — ס'יִינגל שרייט —
נישט געוואָלט דיר טאָן קיין לייד:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

כ'בעט דיך, פויגל, פויגל, בלייב!
און דער פויגל: איך נישט גלויב:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

---

# אַ רעגנדל.

אוי, קינדערלעך, אוי, קינדערלעך,
אַ רעגנדל גאָר וואונדערלעך,
שמעקעדיקע טרעפּעלעך!

אַ רעגנדל איז גאָטס גענאָד,
קומט אַרויס און טאַנצט אַ ראָד
מיט בלויזע פיס און קעפּעלעך!

גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואַקסן אויפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען!

נאַק'טע קעפּלעך, נאַק'טע פיס,
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז
ביזז הימל צו דערלאַנגען!

---

## אונטערן רעגן.

גיך אַראָפּ די מיצעלעך!
פֿאַר דינערלעך, פֿאַר בלּיצעלעך,
שטייף אויסגעגלייכט ווי פֿלאַקסן!

זאָל רעגן נעצן קעפּעלעך,
ווי בּאַרעלעך און עפּעלעך,
וועלן מיר גיכער וואַקסן.

---

# ל"ג בעומר.

ל"ג בעומר היינט! ל"ג בעומר היינט!
הינדעלעך, אַללאָ!
ביי די פערדלעך נישט געדרייט זיך!
און דו, שמייסער, וויאָ!

פול קינדערלעך אין וועגעלע,
ווי דער מאָן אין זאַק!
שמייסער, דו, די לייצעס נעם
און די בייטש, און קנאַק!

אינדערלופטן, יומטובדיק,
קיין פערדעלע נישט ריר!
ל"ג בעומר היינט, ל"ג בעומר היינט —
מאַכ' מיר אַ שפּאַציר!

אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין
מיט די פיילנבויגן!
האָבן פייגעלעך דערזען
און אַוועקגעפלויגן!

---

# דער שיפער.

ס'האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט.
נאָך די דעכער זיינען נאַס,
רינען טייכעלעך אין גאַס.

רינען, רינען, רינען...
כ'האָב מיין שיפעלע געפונען,
אויפן וואַסער עס געלאָזט
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט,

יאָגט מיין שיפעלע געשווינט.
— אויף די פליגלען פונם ווינט
פלי דיר, פלי, מיין שיפעלע! —
און וואוהין פליסטו מיין שיפעלע?

— צו דער פרייער וועלט, אַהין,
וואו ס'איז ליכטיק,
וואו ס'איז גרין,
פויגל זינגט, בלומען בליט!

— שיפעלע, שיפעלע, נעם מיך מיט!



# אויפן גרינעם בערגעלע.

אויפן גרינעם בערגעלע
וואַקסט אַ יונג ביימעלע,
ווייל דאָס ביימעלע ניט שלאָפן,
די לבנה טוט עס שטראָפן.

„צייט דיר דרעמלען, ביימעלע,
אויפן גרינעם בערגעלע!"
אַזוי זאָגן אויך די שטערן,
נאָר דאָס ביימעלע וויל נישט הערן,

וויל נישט צומאַכן די אויגן —
איז אַ ווינטעלע צוגעפלויגן
צו דעם גרינעם בערגעלע,
כאַפּט אַרום דאָס ביימעלע,

שאָקלט שטיל און וויגט עס איין:
ביימעלע, ביימעלע, רויק זיין!
שלאָפן מוז מען, ביימעלע גרין!
וויגט אַהער, וויגט אַהין.

דרעמלט איין דאָס ביימעלע
אויפן גרינעם בערגעלע...

---

## דער יעגער.

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זייז,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַריין,
שיסן וויל ער נאָר אַ בער, —
וואו נעמט מען געווער?

אונזער יאַנקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזים שטייט
מיטן בעזים וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן!

ער קאָן אין שטוב שוין מער ניט בלייבן,
וויל דעם בעזים אונטערהויבן,
שווערער בעזים קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאַלט אַריבער.

נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז!
ער וויל שוין ניט אין וואַלד אַריין,
ער וויל שוין ניט קיין יעגער זיין!

## טאַנץ, טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ!

טאַנץ, טאנץ, מיידעלע, טאַנץ
מיטן בלומען־קראַנץ!

זעסט, דער הימל לאַכט מיט טרערן,
וועסט אינגיכן אַ כלה ווערן.

טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
מיטן בלומען־קראַנץ!

קלעזמער, שפּיל, קלעזמער, שפּיל!
טאַנצן וויל מיין מיידעלע!

טאַנצן וויל מיין מיידעלע!
אינם פיינעם קליידעלע

טאַנצט עס מיט געפיל,
שפּיל, קלעזמער, שפּיל!

טאַנץ, טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
מיטן בלומען־קראַנץ!

---

## באַל־שפּיל.

צו דער וואַנט!
שפּרינג צוריק!
אין אויגן־בליק
צו דער וואַנט,
פון דער וואַנט,
צוריק צו מיר!
איינס און צוויי,
דריי און פיר!
פינף און זעקס,
שטאַרקער קלאַפּ!
שטאַרקער קלאַפּ,
איך וואַרף און כאַפּ,
וואַרף און כאַפּ,
אַהין־צוריק!
זיבן, אַכט!
דאָס מייסטער־שטיק
איז אָפּגעמאַכט!

---

# בריטעלע.

בריטעלע, בריטעלע,
בריטעלע קליין!
אַ בריטעלע זאָל דאָך קיילעכדיק זיין!

און צינד
געשווינט
אין אייוועלע אַריין!

געגוג אין אייוועלע געזעסן:
— האַם־האַם־האַם!
אויפגעגעסן.

---

## אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| | ז״ז |
| וויגלליד | 3 |
| קעצעלע, שטיל | 4 |
| אַ גוטע נאַכט | 5 |
| דער פויגל | 6 |
| אַ רעגנדל | 7 |
| אונטערן רעגן | 8 |
| ל״ג בעומר | 9 |
| דער שיפער | 10 |
| אויפן גרינעם בערגעלע | 11 |
| דער יעגער | 12 |
| טאַנץ, טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ | 13 |
| באַל־שפּיל | 14 |
| ברייטעלע | 15 |